קינדער ביבליאטעק

ד'אמיטשיס

# א מיידעלע, וואס האט געראטעוועט א צוג.

איבערגעזעצט פון ד. טשארני.

№ 4





# אַמיידעלע, וואָס האָט געראַטעוועט אַ צוג.

די קליינע פֿראַניע איז געבוירען געוואָרען אין אַן אייזענבאַן־שטיבל, איר טאַטע איז געווען אַ שומר ביי דער אייזענבאַן. פֿאַרשטעהט זיך, אַז דאָס מיידעלע איז שוין פֿון קינדהייט אָן געוועהנט געווען צום טומל און פייפערייַ פֿון די צוגען. זי פֿלעגט זיך תמיד צוקוקען, ווי דער טאַטע איהרער פֿלעגט עטלאַכע מאָל אין מעת לעת אַרויסגעהן באַגעגענען און באַלייטען די פֿאַרבייגעהענדיגע צוגען. בייטאָג פֿלעגט ער האַלטען אין האַנט אַ פֿענדל און ביינאַכט — אַן אָנגעצונדענע לאַמטערנע.

אין פֿראַניען איז דער באַגעגענען די צוגען זעהר געפֿעלען געוואָרען. ווי נאָר זי פֿלעגט דערהערען, אַז עס הוישט פֿון דער ווייטענס דער לאָקאָמאָטיוו, פֿלעגט זי אַרויסלויפֿען פֿון שטיבל און לאָזען זיך אַנטקעגען ביז צו די באַמע רעלסען.

זי האָט דערפֿאַר, אמת, באַקומען אַ פּאָר מאָל גוט אָנגעשלאָגען פֿון דער מאַמען און זי פֿלעגט שוין מער נישט דערוועגען זיך צוגעהן נאָהענט צו

די שינעס, כאָטש אין האַרצען האָט זי בשום אופן נישט געקאָנט פאַרשטעהן, פאַרוואָס איגענטלאַך די מאַמע אירע בייזערט זיך אַזוי.

דערווייל איז זיך פראַניע אונטערגעוואַקסען, אָנגעהויבען לויפען אין שולע, וואָס איז געווען אין נאָהענטען דערפל, און איצטער האָט זי שוין אָנגעהויבען אַליין צו פאַרשטעהן די געפאַהר, וואָס עס שטעקט אין די פייערדיגע לאָקאָמאָטיווען, און פלעגט זאָגען צו דער מאַמען:

— שרעק זיך נישט, מאַמע, איך בין שוין נישט מער קיין קליינטשיקע און וועל נישט ארונטערפאַלען אונטערן צוג.

אין דערזעלביגער צייט האָט פראַניע אָנגעהויבען אונטערצוהעלפען דעם טאַטען אין זיין אַרבייט. זי האָט שוין געוואוסט, אַז איידער עס געהט דורך אַ צוג, מוז דער טאַטע אירער אַרומקוקען אַ געוויסע שטרעקע אַרום און אַרום, צי די ליניע איז, חלילה, נישט געשעדיגט געוואָרען, צי ס'איז שטאַרק גענוג דער בריק, וואָס איז געהאַנגען איבער אַ טיפען תהום, און אַז ער פלעגט זעהן, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג, פלעגט ער זיך אַוועקשטעלען אויף זיין פּאָסט מיט אַ גרינעם פענדל אין האַנט.

דאָס גרינע פענדל איז געווען אַ סימן, אַז די ליניע איז ווי עס דאַרף צו זיין, און אַז דער צוג קאָן זיך בשלום לאָזען ווייטער אין וועג אַריין. אויב אָבער דער פאָטער אירער פלעגט ערגעץ וואו באַמערקען אַ בעשעדיגונג, איבערהויפּט נאָך אַ שטאַר-

קען שטורעם אָדער שלאַקס־רעגען, פלעגט ער אָנ־הויבען פאָכען מיט אַ רויטען פענדל אַהין און אַהער, ביז דער צוג פלעגט זיך אָפּשטעלען.

פראַניע האָט זיך צוגעקוקט מיט גרויס אויפ־מערקזאַמקייט צו די אַלע זאַכען און האָט זיך געפרעהט, וואָס זי קאָן שוין ברענגען נוצען דעם פאָטער, און פלעגט אים אָפטמאָלס זאָגען מיט שטאָלץ:

— געה, טאַטע, דו האָבט דאָך אַנדערע אַר־בייט, און דעם צוג וועל איך שוין באַגעגענען אַליין.

— קאָנסט נאָך, חלילה, פאַרגעסען און דורכ־לאָזען אַ צוג—פלעגט דער פאָטער זאָגען.

— גאָר אַ נייס! בין איך דען אַ קליינטשינקע? און וואו איז דען די מאַמע?—זי וועט מיר דערמאָנען.

און דאָס מיידעלע איז געווען אַזוי אויפמערק־זאַם און פינקטלאַך, אַז מען האָט זיך אויף איר גאַנץ זיכער געקאָנט פאַרלאָזען.

אַ מינוט צעהן, איידער דער צוג דאַרף דורכ־געהן, פלעגט שוין פראַניע שטאָלץ און ערנסט שטעהן אויפן פּאָסט מיטן פענדל אין האַנט, און דער ווינט פלעגט זיך שפּילען מיט אירע גאָלדענע לעקלאַך און צעשפּרייטען זיי איבער איר חנ׳עוודיגען קלוגען פּנימ׳ל.

אַזוי איז זיך אַלץ געגאַנגען בְּשורה, און זיי האָבען אַלע געלעבט גאַנץ גליקלאַך.

מאַכט זיך אָבער איינמאָל, אַז דער פאָטער איז אין אַ שרעקלאַכער זאַווערוכע אַרויס באַגעגענען אַ צוג און האָט

זיך שטאַרק צוגעקיהלט. ער האָט באַקומען אַ לונגען־
אַנטצינדונג און זיך אַריינגעלעגט אין בעט אַריין. דער
דאָקטאָר, וואָס איז צו זיי געקומען, האָט עפּעס מאָדנע
אַ שאָקל געטאָן מיט׳ן קאָפּ און איז אַוועק. די מאַמע איז
נישט אָפּגעטראָטען פון זיין בעט, און פראַניע האָט
שוין אַליין געמוזט אָפּהיטען יעדען צוג.

פלעגט זי פלייסיג אַרומקוקען די באַוואוסטע
שטרעקע, און פלעגט מיט איר סיגנאַל־פענדל דורכ־
לאָזען פינקטלעך יעדען צוג, אַפילו אין מיטען נאַכט,
כאָטש דאָס הערצל אירע האָט איר אַזוי גע־
קלעמט און געוועהטאָגט, וואָס דער טאַטע איז נישט גע־
זונט און די מאַמע איז אַזוי צעטראָגען. זי פלעגט דעם
טאַטען באַרוהיגען, און ער פלעגט זי וואָרענען, אַז
זי זאָל עפּעס נישט פאַרגעסען. זי האָט אָבער גוט
געדענקט יעדע שעה און מינוט, ווען אַ צוג דאַרף
דורכגעהן, און האָט נישט דורכגעלאָזט אַפילו דאַן,
ווען דער טאַטע איז איר אָפּגעשטאָרבען, און די
מאַמע האָט אַזוי ביטער געוויינט.

איצטער, אַז דער טאַטע איז געשטאָרבען, און
ס׳איז ניט געווען קיינער, ווער עס זאָל איר דער־
מאָנען די צייט פון די צוגען, איז פראַניע געוואָרען
נאָך פיל אויפמערקזאַמער.

— גענוג שוין צו וויינען, מאַמע האַרציגע, — האָט
זי איר געזאָגט אין עטלאַכע טעג אַרום, — קאָנסט
נאָך, חלילה, איך קראַנק ווערען. און וואָס וועט
דענסטמאָל זיין מיט מיר און מיט לודושינען?

— אוי, טאָכטערל מיינס, האָט די מאַמע טרוי.

עריג געענטפערט,—ס׳טוט מיר וועה דאָס הארץ, סיי פאַר אים, וואָס ער איז אַזוי פּלוצלונג אָפּגעשטאָרבען, און סיי פאַר דעם, וואָס מען וועט נאָך אונז פון שטיבל אויך אַרויסטרייבען. אויף אַזאַ זאַך מוז מען דאָך האָבען אַ מאַזנביל. און כ׳האָב זיך שוין דאָ אַזוי איינגעלעבט...

— אַפילו איך בין שוין אויך צוגעוועהנט צום שטיבל און צו אַלץ,—האָט פראָניע געענטפערט,— נאָר פאַרוואָס זאָל מען אונז פון דאַנען אַרויסטרייבען, מאַמע ליבע? איך היט דאָך אָפּ יעדען צוג, און אַז דער טאַטע איז קראַנק געווען, האָב איך דאָך אַפילו איין צוג אויך נישט דורכגעלאָזען. איך בין דאָך שוין איצטער אַ גרויסע און וועל נישט ערגער פון אַלע אַנדערע אָפּהיטען דעם וועג.

— פונדעסטוועגען וועט מען אונז אַרויסטרייבען און נעמען אַ נייעם וועכטער.

אינגיכען איז אָנגעקומען דער אינספּעקטאָר פון דעם אייזענבאַן. פראָניעס מאַמע איז אים געפאַלען צו די פיס און געבעטען, ער זאָל זי דאָ אויך אויך ווייטער איבערלאָזען.

— שוין אַ חודש איבערגעגאַנגען, און ס׳האָט זיך, דאַנקען גאָט, גאָרנישט ניט געטראָפען פאַר דער צייט—האָט זי אַלץ געטענה׳ט.—איך וועל מיט דער טאָכטער מיינער אויפּאַסען, און דערווייל וועט אין עטלאַבע יאָהר אַרום אויסוואַקסען מיין זון און פאַרנעמען דעם טאַטענס אָרט.

— עס איז זעהר אַ גרויסע פאַראַנטוואָרטלאַכ=

קיט האט געענטפערט דער אינספעקטאָר, וואָס האָט רחמנות באקומען אויף דער אָרימער אלמנה. ווי קאָן מען דען ארויפוואַרפען אזא שווערע לאַסט אויף א פרוי מיט א קינד?

— אָבער מיין פראַניע וועט זיך קאָנען פאַר-גלייכען מיט יעדען מאַנסביל. זי איז א קלוגע, אן אויפמערקזאַמע און גאָר ניט קיין שרעקענדיגע. אָט וועט איר זעהן, אַז אַלע וועלען בלייבען מיט אונז צופרידען.

— גוט, איך וועל טון אלץ, וואָס איך קאָן נאָר — האָט געזאָגט דער אינספעקטאָר, — נאָר פונדעסט-וועגען איז זיך זעהר שווער צו באַגעהן אָן א מאַנס-ביל, — וועל איך זיך מאַכען, אַז איך ווייס כלומרשט ניט, אַז אייער זון איז נאָך אזא קליינער. נאָר איך-זאָג אייך פאָראויס, אַז אויף זיכער ווייס איך נישט.

און אַזוי האָט די אָרימע פרוי אָנגעהויבען לעבען אין איין שרעק — מען זאָל זי נישט ארויס-טרייבען פון איר היימישען ווינקעלע, און עס זאָל איר נישט אויסקומען אוועקשלעפען זיך איבער די הייזער מיט אירע קליינע קינדערלאַך. און פראַניע האָט פאר דער צייט מיט וואונדער געוויזען: צווי-שען איין צוג און דעם אנדערן פלעגט זי באַוויזען לויפען אין שולע צו דער באַשטימטער צייט און נאָכדעם פלעגט זי שוין ווידער אין דער ריכטיגער מינוט שטעהן אויף איר פּאָסט און באַווייזען די ראַנגע, שוואַרצע שטרענגע פון וואַגאָנעס. וואָס

פלעגען זיך אַוועקשלענגלען איבער בערג און וועל-דער.

מאַכט זיך איינמאָל חנוכה-צייט אַ שרעקלאַכער שטורעמדיגער טאָג. פון אין דער פריה אָן האָט געשאָטען אַ שניי און אַ מעטעליצע האָט געדרעהט, און פאַרנאַכט צו האָבען מוראָ'דיגע ווינטען אָנגע-הויבען אַזוי אימה'דיג פייפען אין די בערג.

דער קליינער לודושינע איז קראַנק געוואָרען, און די מאַמע איז שוין פון זיין בעטל נישט אָפּגע-טראָטען.

פראַניע, וואָס האָט נישט לאַנג אַרומגעקוקט די ליניע, ווי עס באַדאַרף צו זיין איז זיך געזעסען אויף איר בעטל און געוואַרט דעם פאַרנאַכטיגען צוג.

—

פלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ שרעקלאַכער קלאַפּ, און דאָס הייזל האָט זיך איינגאַנגען אַ טרייסל געטאָן, ווי בשעת אַן ערדציטעריש.

וואָס איז דאָס אַזוינס? מען דאַרף געהן אַ קוק טון — האָט פראַניע אַ זאָג געטאָן.

— דו האָסט דאָך די ליניע אָקאָרשט אַרומ-געקוקט, וואוהין זשע וועסטו געהן ביינאַכט אין אַזאַ וועטער? ס'קאָן נאָך מיט דיר, חלילה, עפּעס פּאַ-סירען.

—

וואָס רעדסטו, מאַמע! מיר דאַרף דאָך דורכגעהן דער צוג, מיז מען דאָך אַ קוק טון. האָב קיין מורא נישט. איך בין שוין געוויינט געוואָרען.

און פראַניע האָט זיך איינגעוויקעלט אין איר

רעגנמאַנטל, גענומען אַ לאַמטערנע און איז אַרויס־
בעגאַנגען.

אין אַ מינוט פינף אַרום איז זי צוריקגעקומען
זעהר אַ דערשראָקענע.

— אַן אומגליק אַ גרויסער! דער בריק איז
איינגעפאַלען!—האָט זי אויסגעשריען און אויף גיך
אָנגעצונדען די רויטע לאַמטערנע און געגעבן אַ באַפ
אַראָפּ פון וואַנט דעם סיגנאַל־האָרן.

— אָך, גאָט מיינער, גרויסער גאָט! וואָס וועסטו
איצטער טון?—האָט די מאַמע אין שרעק אַ פרעג
געטאָן, דאָס איז דאָך אַ שנעל־צוג און ער לויפט
דאָך דורך, ווי אַ בליק.

— איך האָב אָנגעצונדען די רויטע לאַמטערנע.

— אין אַזאַ מעטעליצע וועט מען זי גאָרניט
דערזעהן.

— וועל איך בלאָזען אין האָרן.

— מען וועט נישט הערען, קינד מיינס, ס'וועט
דיר נישט קלעקען קיין כוח. אוי וועה, מיינע צָרות,
וואָס וועט דאָס איצטער זיין?

— גאָט וועט העלפען, און מען וועט דערהערען,
מאַמע. וואָס זאָל מען דען אַנדערש טון?

און פראַניע האָט זיך ווידער איינגעוויקלט
אין איר רעגענמאַנטל מיט'ן באַשליק און איז אַרויס־
געלאָפען אַנטקעגען דעם צוג.

אַ שניידענדיגער קאַלטער ווינט האָט געשמי־
סען אין פּנים אַריין און נישט געלאָזט לויפען.
דער שניי האָט די אויגען געבלענדט, נאָר פראַניע

האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן און נאָר געטראַכט פֿון דעם, צי וועט דער מאַשיניסט כאָטש דערזעהן איר סיגנאַל, און שטעהט ער בִּכלל אין אַזאַ וועטער אויף זיין פּאָסט.

נאָר אָט האָט זיך דערהערט פֿון דערווייטענס דער פֿייף פֿונ'ם לאָקאָמאָטיוו. פֿראַניעס האַרץ האָט שטאַרק אָנגעהויבן צו קלאַפּן, און דער גאַנצער קערפּער האָט איר גענומען ציטערן ביי דעם געדאַנק, אַז דער גאַנצער צוג מיט אַלע מענשען, וואָס אין אים, קאָנען אַריינפֿאַלן אין טיפֿען תּהום. און אָט איז שוין דער צוג... פֿראַניע האָט אויסער זיך אָנגעהויבן פֿאָכען מיט דער רויטער לאַמטערנע און בלאָזען מיט אַלע כּחות אין האָרן, נאָר אַלץ איז אומזיסט. דער צוג לויפֿט, פֿראַניע שרייט און בלאָזט מיט די לעצטע כּחות, אָבער דער שטאַרקער ווינט און דאָס גערויש פֿון די רעדער פֿאַרטומלען אירע געשרייען, און דער צוג קומט אַלץ נעהענטער און נעהענטער.

פֿראַניע האָט פֿאַרגעסען אַלץ אין דער וועלט, האָט זיך אַ וואָרף געטאָן פֿאָראויס צו די רעלסען און אָט איז זי שוין אינגאַנצען עטלאַכע טריט פֿונ'ם לאָקאָמאָטיוו. פּלוצלונג האָט זי דערהערט עפּעס אַן אומגעריכטען קנאַק, און וואָס ווייטער איז געווען, האָט שוין פֿראַניע נישט געזעהן און נישט געהערט, דען זי איז אַ פֿאַרחלֶשטע אַנידערגעפֿאַלען אויף דער ערד.

אויפֿגעהויבן האָט זי די מאַמע אירע, וואָס

האָט ניט געקאָנט אין שטוב איינזיצן און זיך געלאָזט נאָך איר. ווי נאָר זי האָט דערזעהן די טאָכטער אויף די רעלסען בּיים סאַמע לאָקאָמאָטיוו — האָט זי זיך אַוואָרף געטאָן צו איר און אָנגעהויבּען שרייען:

— בּיסט נישט אַנדערש, ווי משוגע געוואָרען! ס'איז עפּעס אַ נֶס געשעהן, וואָס דו בּיסט ניט געהרגעט געוואָרען! — און זי האָט געוויינט און געשאָלטען זיך.

נאָר אַז פראַניע איז צו זיך געקומען — האָט זי גלייך בּאַמערקט נעבּען זיך דעם צוג. „הייסט עס, אַז ער איז אין אָפּגרונד נישט אַריינגעפאַלען, אַז ער איז ניצול געוואָרען" — האָט פראַניע אַ טראַכט געטאָן און פאַר גרויס שׂמחה האָט זי אָנגעהויבּען גלייכצייטיג וויינען און לאַכען.

דערווייל זיינען אַראָפּגעשפּרונגען פון צוג די קאָנדוקטאָרען און עטלאַכע פּאַסאַזשירען, וואָס האָבּען געוואָלט דערגעהן, וואָס איז דאָ אייגענטליך פאָרגעקומען און וואָס בּאַטייט דאָס דער שרעקלאַבער שטורם.

— איך האָבּ פּלוצלונג דערזעהן אַ שוואַרצען שאָטען מיט אַ רויטער לאַמטערנע — האָט דערקלערט דער מאַשיניסט, — האָבּ איך קוים-קוים אַריינגעכאַפּט אָנצושטעלען דעם מאַרמאַז, און נאָך אַ האָר וואָלט איך אַליין אויך אַראָפּגעפלויגען פון לאָקאָמאָטיוו. דער בּריק האָט זיך אָפּגעריסען, און אָט דאָס דאָזיגע מיידעלע האָט אונז אַלעמען געראַטעוועט.

איינִיגע נייגעריגע פּאַסאַזשירען זַיינען צוגעגאַנ־
גען צום בּרעג פון תּהום און אַראָפּגעקוקט צום טי־
פען אָפּגרונט, וואוהין זיי זיינען אַלע שיער־שיער
ניט אַריינגעפאַלען, נאָכדעם האָבּען זיך אַלע אַרום־
געקליבּען אַרום דעם מיידעלע, וואָס האָט זיי גע־
ראַטעוועט פון אַזוֹיכער טויט. און די מאַמע האָט
נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט צו טַעַנ'ען:

— דו בּיסט דאָך אַליין אויך געווען אויף אַ
האָר פון טויט—און וואָס וואָלט איך געטאָן אָן דיר?
אַך, משוגענע, דו, משוגענע!

צווישען די פּאַסאַזשירען איז אויך געווען אַן
ענגלישע דאַמע.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ גראָבּע פרוי—האָט זי
געזאָגט.—פאַרוואָס שילט זי דיך? פאָר מיט מיר,
מיידעלע, בּיי מיר איז אַ רייך הויז, דיר וועט דאָרט
גוט זיין. ס'וועט קיינער די העָזה נישט האָבּען צו
שרייען אויף דיר, איך וועל זיך מיט דיר בּאַגעהן,
ווי מיט אַ שוועסטער. לאָזט זי אָפּ מיט מיר, איך
וועל אייך געבּען געלט—האָט די ענגלישע דאַמע
געענדיגט, געווענדט צו פראָניעס מאַמען.

נאָר די מאַמע, וואָס איז נאָך אַלץ נישט אָפּ־
געגאַנגען פון שרעק, איז געשטאַנען ווי אַ צעמישטע,
געשוויגען און בּשום אופן נישט פאַרשטאַנען, וואָס
די ענגלישע דאַמע וויל פון איר האָבּען.

אָבּער די קלוגע פראָניע האָט אַלץ פאַרשטאַ־
נען און אַרומגעכאַפּט די מאַמען אַרום האַלז און
אויסגעשריען:

— ניין, מ'וועל נישט פארן, מ'וועל בלייבן מיט דער מאמען. אונז איז דא אזוי אויך גוט!

דערווייל איז צו זיי צוגעגאנגען עפעס א מאנסביל.

— דאמיר זיך בעסער צונויפלעגן א ביסל געלט און געבן זיי — האט ער געזאגט און ארויסגענומען הונדערט פראנק.

האבן די איבעריגע אויך אנגעהויבן שענקען, וויפיל ווער עס האט געקאנט.

— ניין, מיר דארפן נישט קיין געלט — האט געזאגט פראניע — מען האט דאך אונז דא אוועקגעזעצט כדי אפצוהיטן דעם וועג, און אויב איר ווילט שוין יא אונז טון א טובה, טא זאגט אין דער פארוואלטונג פונ'ם אייזנבאן, אז מיר טוען אלץ, ווי עס בעדארף צו זיין, און אז זיי זאלן ניט שיקן אויף אונזער ארט קיין מאנסביל און זיי זאלן אונז דא איבערלאזן, ווי ביז אהער.

— גוט, איך וועל מיט זיי וועגן דעם איבעררעדן, האט געזאגט איינער פון די מענער, וואס איז געווען אנגעטאן, ווי אן אינזשענער און איך האף, אז מען וועט אייך דא איבערלאזן, נאר פונדעסטוועגן נעמט צו דערווייל דאס געלט. איר וועט זיך קענען אויסבויען דערפאר אן אייגענע ישוב, אויב די פארוואלטונג וועט נישט וועלן איבערלאזן אייך אויף אזא געפערלאכן פאסט, אדער זי וועט אייך אפשר איבערפירן אין אן אנדער היזל, וואו ס'וועט אייך זיין לייכטער נאכצוקוקן.

ביידע לבנ'ס זיינען איבערגעקומען סערד מיט

וועלכענער איבערצײַפירקן די פּאַסאַושירקן אויף דער אַנדער זײַט אַפּגרונט.

האָבן אַלע אָנגעהויבן זיך געזעגנען מיט פראַניען, אַפילע האָבן זי געקושט און באַשענקט מיט מַתָּנות צום אָנדענקען.

— כ'בין אַזוי צופרידען, — האָט פראַניע געזאָגט צו דער מאַמען, אַז זיי זײַנען אַהיים געקומען. — אַצינדערט וועט מען אונז שוין זיכער איבערלאָזן אין אונזער הײַזל, נישט אֶמֶת, מאַמע?

— אַ דאַנק דיר, ריבונו שֶׁל עולם, האָט די מאַמע אָפּגעענטפערט, פאַרגלאָצענדיג די אויגען — און דו וועסט מיר מוחל זײַן, פראַניע, וואָס איך האָב דיך געשאָלטען? איך בין דאָך שיער נישט משוגע געוואָרען, אַז איך האָב דיך דערזעהן אונטערן צוג, ליב קינד מײַנס, האַרציגע מײַנע!

און זי האָט שטאַרק-שטאַרק אַרומגענומען די טאָכטער אירע.

— צי דען ווייס איך נישט, מאַמע-לעבען, אַז דו ליבסט מיך? נאָר וואָס זאָגסטו צו דער פּריצטע, וואָס האָט געוואָלט, איך זאָל-נאָר מיט איר אַוועקפאָרען? זי מוז זײַן אַ ביסל אַ צעדרעהטע.

און פראַניע מיט דער מאַמען זײַנען אַ דאַנק אַט דער באַשריבענער געשיכטע געבליבן אויף אייף ווײַטער אין דעם הײַזל, וואָס בײַ דער אַרויס-באַן-ליניע, אין הויז איסגעלעבט זייערע יאָרן.

